**Opłata pocztowa uiszczona ryczałtem.**

ערשטער יאהרגאנג נר. 4. — DUS LICHT — פר׳

# דאס ליכט

להאיר להם את הדרך — אשר ילכו בה.

ערשיינט יעדען פרייטאג. — **ארטאדאכסיש ארגאן פאר גאליציע.** — ערשיינט יעדען פרייטאג.

Kraków, dn. 6 lutego 1931. — ב״ה קראקא, פרייטאג יתרו י״ט שבט תרצ״א. ליכט צינדען 4·25. מוצש״ק 5.42.

Adres Red. i Adm.: Kraków, Meiselsa 4. Tel 120-96. — אדרעס פון רעד. און אדמ.: קראקא מייזעלסא 4. טעל. 120·96.

# אימפאזאנטע סיום הש״ס פייערונג אין קראקא.

לכתהלה האט געזאלט פארקומען דאס מסיים זיין ש״ס אין פערשידענע ערטער. יעדע גרופע וואס האט געלערנט ש״ס האט געזאלט מאכען שבת פאר זיך און באזונדער מסיים זיין אין די ערטער ווי זיי האבען געלערנט אדער גאר אין פריוואטע שטיבען. דערהערענדיג אבער, אז דער רב שליט״א וועט זיך בעטייליגען אין סיום-הש״ס אין ביהמ״ד „בני אמונה״ — ווי ס׳האט פארגעלעגט יעדען אוועגד ר׳ מיכל גינציג — און האלטען א דרוש לכבוד הסיום. האט עס דעם עולם עלעקטריזירט און אלע גרופען האבען זיך פערזאמעלט אייגהייטליך אין איינעם מסיים צו זיין ש״ס, אזוי ארום איז דער סיום געווארען א ריכטיגע תורה מאני-פעסטאציע פונ׳ם גאנצען ארטאדאקסישען יודענטום ביי אונז אין שטאדט.

## דער סיום.

א גאנצען זונטאג איז קראקא געשטאנען אונטערען איינדרוק פון בעפארשטעהענדען סיום, בפ״ט דאס וואס דער רב שליט״א וועט דרש׳נען לכבוד הסיום האט צוגעצויגען א געוואלטיגען עילם. שוין 4 א זייגער ביינאג האבען מאסען מענשען זיך געלאזט געהען צו דער „בני אמונה״, זיך צו פערזיכערען מיט א פלאץ צו קענען ביישוואינען דעם גרויסען כבוד התורה און צו הערען די דרשה -- די ערשטע עפענטליכע דרשה נאך דער בעזה״י גליקליך איבערשטאנענער קראנקהייט פון רב שליט״א. 5 א זייגער איז דאס ביהמ״ד מיט דער עזרת נשים און אלע קארידארען פול געפאקט. הונדערטער מענשען זענען געשטאנען אינדרויסען און הונדערטער האבען געמוזט א היים געהען, איינזעהענדיג אז ס׳איז נישט פארהאן קיין מעגליכקייט זיך אריין צו בעקומען אין ביהמ״ד.

6 א זייגער האט זיך בעוויזען דער רב שליט״א הייס בעגריסט פון אנוועזענדען עולם און עס האט לאנג געדויערט ביז עס איז געלונגען אינ׳ם גרויסען געדראנג צו מאכען פארן רב א וועג צו דער בימה.

דער רב זייענדיג מסיים ש״ס האט אין א שעה׳דיגען דרוש ארומגערעדט באריכות דעם ענין פון לימוד התורה בכלל און סיום הש״ס בפרט. ס׳איז נישט מעגליך אין א צייטונגס-בעריכט צו ברענגען די אלע ענינים און דברים היוצאים מן הלב, וואס האבען דעם עולם ממש בעגייסטערט און געוועקט צו לימוד התורה לשמה.

בעטראכטענדיג דעם עולם פערזאמעלטע, וואס איז בעשטאנען פון אלע כתות רעליגיעזע יודען אין שטאדט, האט דער רב שליט״א צווישען אנדערעם זיך אפגעשטעלט אויף דער רש״י אין פ׳ יתרו, ויחן שם ישראל נגד ההר בלב אחד כאיש אחד אבל שאר כל החניות בתרעומות ומחלוקת, אז מ׳איז עוסק בשבחן של ישראל, צו וואס דערציילט עפעס רש״י מגנותן של ישראל פון פריהערדיגע מחלוקת׳ן, נור דאס איז עבען דער גרויסער שבח, אז טראץ וואס אלע ביז איצטיגע חניות זענען געוועזען בתרעומות ומחלוקת — און ס׳איז אויך שווער ס׳זאל אנדערש זיין ביי א גייסטיג הויכשטעהענד פאלק, כשם שאין פרצופיהן שוים כך אין דעותיהם שוות — איז אבער ווען מ׳איז געשטאנען נגד ההר, ווען ס׳האט געהאלטען ביי קבלת התורה, זענען אלע געוועזען בלב אחד כאיש אחד און האבען אוועקגעשטעלט אלע מחלוקת׳ען און פירוד לבבית.

עס פרייט דעם רב, צו זעהען דא ביי דער שמחה של מצוה פערזאמעלט מענשען פון פערשידענע ריכטונגען וואס נעכטען איז נאך אפשר געוועזען צווישען זיי א פירוד היינט אבער ווייל ס׳האנדעלט זיך וועגען כבוד התורה איז ויחן שם ישראל בלב אחד כאיש אחד.

צום שלוס פון דער דרשה ארומרעדענדיג דעם לעצטען מאמר חז״ל פון ש״ס. כל השונה הלכות וכו׳ איז דער רב שליט״א מסביר פאר וואס שטעהט השינה און נישט הלומד אדער העוסק בהלכה, השונה איז טייטש איבערחזרען, בסוף הש״ס וויל אונז דער תנא דערמאהנען אז, — כאטש לימוד התורה אליין איז פון די גרעסטע מצות, תלמוד תורה כנגד כולם — איז אבער דער עיקר תכלית הלימוד אז דער מאור שבתורה זאל ברענגען לידי מעשים טובים ולידי מדות ישרות. די געלערנטע הלכה זאל זיך ביים מענשען אינ׳ם פראקטישען לעבען איבערחזר׳ען, די מעשים פון מענש זאלען נישט ח״ו שטעהען אין סתירה מיט דער תורה, די תורה זאל זיין א תורת חיים, די תורה זאל אריינגעפיהרט ווערען אין לעבען אין שטוב און גאס, און אין די מעשים פון מענש

זאל זיך די תורה בפועל איבערחזר'ען, אז די „הליכות עולם“ זאלען נישט שטעהען אין סתירה נור זאלען שטימען מיט דער „הלכה“ און דעריבער באלד נאכ'ן סיום הייבען מיר תיכף אן מיט מאימתי קורין את שמע, צו ווייזען אז דער תכלית פון לימוד איז צו קומען לידי קבלת עול מלכות שמים, מקיים צו זיין דעם ואהבת אין דעם זין פון מאמר חז"ל יומא פ"ו שתהא שם שמים מתאהב על ידיך וכו' שיהא קורא ושונה וכו' מה הבריות אומרות עליו פלוני שלמד תורה ראו כמה נעים דרכיו כמה מתוקנים מעשיו.

## הזכרה פאר ר' איטשה בוימינגער ז"ל.

ביי דער געלעגענהייט איז דער רב שליט"א מיט ריהרענדע ווערטער מזכיר ר' איטשה בוימינגער ז"ל, וואס איז געוועזען איינער פון די ערשטע און אייפריגסטע מיטלערנער פון דף-היומי אזוי ווי ער איז בכלל געוועזען א ראשון לכל דבר שבקדושה. ליידער האט ער נישט זוכה געוועזען צו זיין היינט בראש פון דער שמחה פון סיום. ער האט אבער שוין בחייו דעם לעצטען מאמר הש"ס אין לעבען בפועל פערווירקליכט.

ר' איטשה איז געוועזען א אמת'ער „שונה הלכות“ כאטש ס'איז געוועזען „הליכות עולם לו“. ער האט אין וועלטליכען לעבען די שענסטע און העכסטע פאזיציעס פערנומען, האט ער אבער מקיים געוועזען דעם „אל תקרא הליכות אלא הלכות“ ער האט די „הלכות“ אין לעבען איבערגעחזר'ט און האט כבוד פערשאפט דער תורה און דעם ארט. יודענטום, אויף איהם קען מען אנווענדען דעם מאמר חז"ל „ראו פלוני שלמד תורה כמה נעים דרכיו כמה מתוקנים מעשיו.

דער רב שליט"א איז מסיים מיט א ברכה, אז אלע מתחילים זאלען בעזה"י זוכה זיין צו מאכען דעם נעכסטען סיום על אדמת הקודש. ע. ס.

# די גאליציאנישע ארטאדאקסיע.

### III.

## אונזער ערבות און אונזער אחריות־געפיהל.

עס איז א טרויעריגער פאקט אז דער פירוד ביי דער ארט. אין גאליציען אייסערט זיך גאנץ אפט אויך ביי ענינים ווי עס איז באמת קיין שום דיפערענצירונגען קיין שום חלוקים נישט פארהאן. דער פירוד אויסערט זיך אויך אויף אן אופן וואס ריהרט ממש אן די פונדאמענטאלע יסודות פונ'ם יודישען ערבות.

דאס אחריות־געפיהל איז ביי אונז זעהר בעשרענקט און אריינגעפרעסט אין די ענגע ראהמען פונ'ם אייגענעם שטיבעל דער ארט. יוד אין מערב גאליציען האט א שטארק אויסגעפרעגטען רצון צו ערציהען יודישע דורות. ער אפפערט זעהר פיעל אז די קינדער זיינע זאלען געהען אין זיינע דרכים, זאלען חלילה נישט אראפ פון וועג. ער האט אויך א שטארק געפיהל (עמפפינדען) פאר די יוגענד פון זיין שטיבעל ס'פרעהט איהם דאס הארץ אז די בחורים פון זיין שטיבעל געהען בדרך הישר, אז ס'מעהרען זיך אין זיין שטיבעל בחורים חובשי בי"ה און ס'וואקסען אויס פון זיי אויך בחורים מופלגים לומדים. עס טהוט אים הנאה עס פערשאפט אים פרייד. עס בעפריעדיגט זיין חסידישע אמביציע: זיין גרופע, זיין רבי האט געפונען דעם ריכטיגען וועג ווי אזוי אין דער היינטיגער שווערער נסיונות-פולער צייט, די יוגענד צו דערהאלטען ביים יודישקייט.

אבער דא ענדיגט עס זיך! ביי די מויערען פון זיין חסידים שטיבעל, ביי די פעריפעריען פון זיין חסידישען האריזאנט ענדיגט זיך אויך זיין אחריות געפיהל.

וואס עס קומט פאר ביי אנדערע שטיבלעך ביי אנדערע גרופען פונ'ם ארט. יודענטום אדער גאר וואס עס קומט פאר ביי די בעלי בתים און אין די בעלי-בתישע בתי מדרשים ווי אזוי

# אונזערע גרויסע.

פון ב. פאטשמאן.

## דון אברהם בֶּנְבֶנִשְׂתִּי

### (זיין לעבען און ווירקען)

### II.

ס'האבען זיך אפילו געפונען צווישען די הויכע מלוכה־לייט אזאלכע וואס האבען נישט פערגינען דעם יוד אברהם בנבנשתי וואס ער איז אזוי באריהמט אין דער וועלט און חשוב ביים משנה למלך.

און דער שפיץ פון די שונאים איז געוועזען דער משומד שלמה הלוי מבורגוש, וועלכער האט זיך באמיהט צו לייגען שטרויכלונגען אויפ'ן וועג פון דעם גרויסען יודישען פאלקס-פידרער רבי אברהם, און ער האט בעוואויגען דעם פויבסט אבגינוס פיערטער, ער זאל ארויסגעבען א באפעהל צו אונטערדריקען די שפאניאלישע יודען און אוועקצורויבען פון זיי אלע מענשליכע רעכט.

אבער א דאנק זיינע קענטנישען און גרויסער חכמה האט אברהם שטענדיג מנצח געוועזען זיינע שונאים און צונישט געמאכט זייערע פלענער.

אזוי ווי דון אברהם איז נאר געוואויר געווארען פון די נייע גזרות, האט ער זיך באלד משתדל געוועזען ביים גוטען משנה למלך אלבארא די לונא און פון איהם געבעטען, אז ער זאל זיך באמיהען ווי מבטל צו זיין. ס'האט נישט לאנג געדויערט און די לונא האט ארויסגעגעבען א באפעהל אינ'ם נאמען פונ'ם קעניג, אז קיינער זאל זיך נישט דערוועגען צו טוען דאס מינדעסטע שלעכטס צו די יודישע איינוואהנער. און נאכדעם ווי דער עקאנאמישער מצב פון די קאסטילישע יודען האט זיך אין א גרויסער מאס פערבעסערט, האט רבי אברהם בנבנשתי זיך גענומען צו דער ארבייט אויפצוריכטען די צושטערטע יודישע קהלות און צו דער־הייבען אויך דעם גייסטיגען מצב פון זיינע ברודער, וואס איז דעמאלט געוועזען זעהר געפאלען.

דון בנבנשתי האט צונויפגעזאמעלט אלע גרעסטע מענשען פון די קאסטילישע יודען אין יענער צייט אויף א גרויסער אסיפה אין דער הויפטשטאט וואלאדאלוד, אין קעניגליכען פאלאץ, און זיי האבען דארטען נאך א לענגערע בעראטונג מתקן געווען פערשיעדענע תקנ'ת פאר זייערע יודישע ברודער, וועלכע זענען בעקאנט געווען מיט'ן נאמען „תקנות קשטילי'“ און זענען אבגעהיטען געווארען פון די קאסטילישע יודען אין משך פון עטליכע דורות. ווער ס'האט עובר געווען אויף יענע תקנות, איז בעשטראפט געווארען מיט געלד-שטראף מיט קערקער אדער אפילו מיט טויט-שטראף, לויט דער הארבקייט פון דער עברה.

מיר וועלען דא ברענגען נאר צוויי פון יענע תקנות, איינע פאר'ן חנוך פון דער יוגענד און פאר למוד התורה בכלל, און די צווייטע אקעגען לוקסוס און פארשייטקייט פון דער פרויען קליידונג.

אוין פיעל פון די בעל-בתישע יודען קעמפען מיט אלע כחות צו דערהאלטען די קינדער ביים יודישקייט — דאס אלעס איז אים פרעמד.

איבערהויפט וואס עס קומט פאר אין אנדערע לענדער אין דעם האט שוין אונזערס אן ארט. יוד גאר א קנאפען אינטערעס.

נאכמעהר אפטמאהל פערגנבעט זיך אינ'ם אונטערבעוואוסטזיין ביי אים א בעהאלטען פרייד־געפיהל, איר ועהט, דארט ביי יענע ברעכט עס צ'זאמען, ביי יענע האלט עס זיך נישט, עס שמייכעלט אים אז ביי יענע איז אפשר ערגער ווי ביי אים א. א. וו.

אט דאס איז א גרויסער פעהלער וואס דארף אומבעדינגט אויסגעבעסערט ווערען. בעוועגונגען און אידעען זענען ווי עפידעמישע קראנקהייטען, בלייבען נישט שטעהען ביי גרעניץ-סלופעס און אויך נישט ביי די מויערען פון שטיבלעך.

און חוץ דעם הלא אל אחד בראנו אב אחד לכולנו, דאס יודישע ערבות ענדיגט זיך דאך נישט מיט די שטיבעל-ווענד און ביי לאנד גרעניצען. דאס אחריות-געפיהל פאר די דערהאלטונג פון יודישקייט דארף זיין אוניווערזאל, פון וואנען עס קימט א ידיעה וועגען פערבעסערען דעם מצב פון יודישקייט אדער וועגען א נצחון פון דער ארט. איבער די חפשיים — דארף עס דער פרייען יעדעס יודישע הארץ אין דער גאנצער וועלט. דאגעגען יעדע ירידה פון יודישקייט וואו עס איז אין יעדער דורכפאל פון דער ארט. אין וועלכען ארט עס איז — דארף מאכען אויפציטערן דעם ארט. יוד און ברענגען צו א בשותפות'דיג בעטראכטען עצות און צו א בשותפות'דיג אבוועהרען די אנגריפען פון ד' חפשים.

יא, מיר דארפען פערברייטערען אונזער אחריות־געפיהל. מיר מוזען האבען א כלל ישראל פעראנטווארטליכקייט.

ר. סאלאמאניסש.

ב"ה.

הננו מברכים את ידידנו הב' הה.ג' חבר ועד הסתדרותנו מר **שלמה בערגאפעז** נ"י לארושיו בברכת מז"ט חמה ולבבית.

ועד „צעירי אנודת ישראל" קראקא.

---

גם אני בין המברכים — יו"ר משה ויאציארז.

---

גם אנכי מתכון כנגד המברכים — מזכיר: יוסף ריטערמאן.

---

ב"ה.

בברכת מז"ט חמה ולבבית אנו מברכים את אחינו היקר והנעלה חבר הועד צא"י בקראקא. יהא רעווא שיזכה למשוך הלאה עבודתו לטובת רעיונינו הקדוש מתוך רחבה.

אחיו יצחק ויחזקאל בערגאפען.

---

את הבחור המופלג כמר **שלמה בערגאפעז** ברכת מז"ט חמה לארושיו

מברכים

דוד טשרנלבסקי, דוד לעווי

---

לחברי החביב הב' החו"ב מר **שלמה בערגאפעז** הריני מגיש את ברכות הכי חמות ובתוכם ברכת מז"ט לבבית לארושיו תהי צעדך על מפתן החיים צלחה

ידידך

יעקב וויינגארטען.

---

ברכת מז"ט חמה לך ידידי עז לארושיך יזרח מזלך כשמש בצהרים

ידידך דוד משה מרקוס.

---

לארוסת הב' המפלג כמר **שלמה בערגאפעז** הריני מברך אותו בברכת גדא טבא

ידידו ישראל ראטשטיין.

---

שא נא ידידי גם את ברכתי החמות וברכת מז"ט לבבית לארושיך.

משה הורוויטץ.

---

אזוי ווי דאס פאלק האט אויפגעהערט צו זארגען פאר'ן חנוך פון דער יוגענד, פריהער בשוגג צוליב די גרויסע רדיפות וואס זיי האבען געהאט אויסצושטיין, און דערנאך במזיד מחמת זיי זענען שוין אזוי געוואוינט געווארען, און דער למוד התורה איז אינגאנצען פערלאזט געווארען, האט רבי אברהם בנבשתי געמאכט א תקנה: אז אפילו די קלענסטע יודישע קהלה דארף אויסהאלטען א מלמד צו לערנען מיט די קליינע קינדער תורה און זי מוז איהם בעצאהלען א גוטען לוין, אויב ס'געפונען זיך אין דער קהלה 40 משפחות, דארף מען אויך אויסהאלטען א מלמד צו לערנען גמרא, הלכה און הגדה. און אין אזא שטאט וואס די צאהל פון איהרע איינוואוינער איז א גרעסערע, דארף די קהלה גרינדען א ישיבה און שטעלען אין איהר שפיץ א ראש ישיבה, א גדול בתורה, וועלכער זאל ארויסגעבען תלמודים מ"ט א סך תורה קענטניש, וואס זיי זאלען דערנאך ראוי זיין צו ווערען רבנים אין דינים אין די יודישע קהלות. ס'ווערד אויך דערמאנט אין די תקנות, אז די תלמידי חכמים וואס לערנען אין די ישיבות טארען נישט גיין אין די הייזער צו בעטען נדבות, אזוי ווי ס'איז דעמאלט געוועזן דער מנהג ביי די קריסטליכע הויכ-שילער וואס פלעגען אומגיין זאמלען נדבות אזוי ווי די בעטלער, נאר די מיטגלידער פון יעדער קהלה דארפען בעזארגען די תלמידים פון דער ישיבה און זייערע לעהרער מיט אלעמען וואס זיי ברויכען צום לעבען בכבוד גדול, כדי זיי זאלען קענען ווידמען די גאנצע צייט צו לערנען אהן דאגות. די צווייטע וויכטיגע תקנה האט מען מתקן געווען אקעגען לוקסוס.

אזוי ווי ס'האט דעמאלט אנגעהויבען די יודען אביסעל בעסער צו גיין, האבען די רייכע פון צווישען זיי אויסגעבויעט פרעכטיגע פאלאצען און זיי האבען געפיהרט א לעבען גלייך מיט די גרעסטע שרים פון די גויים. די לוקסוס-קרענק האט זיך פערשפרייט אין אלע יודישע הייזער, ביז וואנען די גויים האבען אנגעהויבען צו שרייען, אז אלע יודען זענען רייך און ס'איז געווארען א קנאה שנאה, און די דאזיגע שנאה האט טיילמאל דערפיהרט צו בלוטיגע שחיטות אויף די יודען. נישט איינמאל האט דער קאסטילישער קעניג יאהאן דער צווייטער פארגעווארפען די יודישע פידרער וואס זיי דערלאזען דערצו, אז יודען זאלען פיהרען אזא האפערדיג לעבען אין דער צייט ווען זיי זענען אין גלות אין פרעמדע לענדער.

אמאל האט זיך דער קעניג געווענדעט מיט אזא פראגע צו דון אברהם בנבנשתי און נישט קענענדיג זיך אויסדרעהען, האט ער איהם געענטפערט, אז נישט די מענער טראגען די טייערע לוקסוס קליידער, נאר די פרויען, און אויף די פרויען האט דאך

# וואס הערט זיך אין קראקא?

## וואס איז געשעהען מיט דעם קאלענדער רעפארם קאמיטעט?

ענדליך האט מען זיך פאר עטליכע וואכען, אויך ביי אונז אין שטאדט געכאפט אז מען דארף זאמלען פראטעסט אונטערשריפטען געגען קאלענדער רעפארם. דאס ציריכער קאמיטעט האט חדשים לאנג אנגעקלאפט די טהירען פון דער קראקאווער קהלה, אויך עפ׳ וואס צו טוען געגען קאלענדער רעפארם ביז ס׳איז ענדליך געשאפען געווארען ביי אינז אין שטאדט א קאמיטעט, אבער דאס קאמיטעט האט אבגעהאלטען אייניגע זיצינגען און שא שטיל, מעהר הערט מען גארנישט דערפ׳ן, ס׳איז אלעס ווידער איינגעשלאפען.

פארוואס נעמט מען זיך טאקי נישט צו דער אינטערשריפטען זאמלונג? כסדר פרעגט מען זיך ביי אונז אין רעדאקציע דערוועגען.

ווי מ׳ערקלערט אונז פון דעם קאמיטעט איז די הויפט אורזאכע דערפון „חסרון כיס". די ארגאניזירונג פון דער אינטערשריפטען זאמלונג איז פערבינדען מיט אביסעל שפעזען איז נישט דא קיין געלד דערויף, קהל וויל די הוצאות נישט דעקען און א ספעציעלע זאמלונג דערויף איז שווער צו מאכען.

מיר מיינען אז ס׳וואלט געוועזען א גרויסע חרפה אז צוליב אזא קלייניגקייט זאל קראקא זיך אויסשליעסען פון כלל ישראל. אבעראל אין דער גאנצער וועלט דעקען די קהלות די שפעזען פון דער פראטעסט-אקציע, אויך די ווארשאווער קהלה האלט אויס אלע הוצאות פון דער פראטעסט־אקציע.

א חוץ דער גרויסער וויכטיגקייט פון די פראטעסט-חתימות וואלט עס געוועזען דערניעדריגענד פאר אזא עיר ואם בישראל ווי קראקא, אז קראקא זאל נישט זיין פערטרעטען צווישען די פראטעסטען אין ציריך.

---

## פון דער שומרי שבת אין קראקא.

פערגאנגענעם דיענסטאג איז אין דער וואינונג פון ר׳ מיכאל פרענקעל פארגעקומען די ערשטע זיצונג פונ׳ם ניי געוועהלטען ועד וואו עס איז אויסגעוועהלט געווארען א פרעזידיום און א ועד הפועל.

אלס פרעזידענט איז געוועהלט געווארען דער לאנגיעהריגער עסקן אין ש׳ שבת ענינים ר׳ מאיר׳ל ראפאפארט אלס וויצע פרעז. ר׳ מיכאל פרענקעל ר׳ אלתר קורצמאן און ר׳ יוסף לאקס, קאסירער הרב ר׳ צבי אייזענשטאדט סעקרעטער ר׳ הערשעל שטערנבערג, אלס מיטגליעדער פון ועד: ר׳ זינדעל ראזענשטרויך מיכאל זעליגזאהן, דוד יאקיבאווסקי, משה שארף, עקיבא שרייבער, עקיבא גאזאווסקי, מנשה קארמעל. דער ועד וועט תיכף צוטרעטען צו ענערגישע ארבייט אויף אלע געביעטען פון שמירת שבת.

די אקציע פון ווערבירען מיטגליעדער ווערט געפיהרט מיט ערפאלג.

---

## פארטראג פון ה. וו. יאקובזאהן.

פאריגען מיטוואך האט אין נייעם בנין פאר׳ן בית יעקב סעמינאר געהאלטען א פארטראג ה׳ וו. יאקובזאהן פון האמבורג, וועגען דער בעדייטונג פון אונזער טעכטער ערציהונג פאר די קומענדע דורות דער בערימטער רעדנער האט אויך דאס מאל געמאכט א גרויסען רושם אויף די צוהערער.



---

דער קעניג נישט ארויסגעגעבען קיין שום גזרה. אייף דעם האט דער קעניג אויסגערופען: „אויב אזוי טראגט איהר זיך אזוי ווי דעם קוואלס־אייזעל, און אייערע פרויען אזוי ווי דעם פויבסטס פערד, און ס׳איז גארנישט שיין אזוי".

די תקנות וואס דון אברהם בנבנשתי האט מתקן געוועזן אין וואלאדאליד האבען געמאכט א שטארקען רושם און דאס פאלק האט אנגעהויבען איבערצואנדערשען זיין פערשייטען לעבענסשטייגער צו גיטען. אזוי האט געלעבט און געווירקט דער גרויסער יוד רבי דון אברהם בנבנשתי ביז צום יאהר 5215 נאך דער וועלט בעשאפונג אין ער איז נפטר געווארען מיט א גוטע עלטער. — זיין אנדענקען זאל זיין געבענשט.

## דער בעלזער רבי זצ״ל

### צו דער יאהר־צייט כ״ג שבט.

דער בעלזער רבי ר׳ יהושע׳לע זצ״ל איז געוועזען דער יונגסטע זוהן פון בעלזער רבין ר׳ שלום׳קע מ׳האט אין איס געזעהען דעם כח וואס זאל קענען אנפיהרען מיט אזא גרויסען עולם חסידים.

דאס האט זיך באלד אויסגעוויזען פאר ריכטיג, אינטער זיין הנהגה איז נישט נאר פערבליעבען דער גרויסער עולם וואס איז געהערען צו זיין פאטער דער ערשטער בעלזער רבי. אונטער זיין אנפיהרשאפט האט זיך נאך דאס בעלזער חסידות פארברייטערט און פארשטארקט און איז אויס געוואקסען צו א שטארקען כח אינערהאלב דער גאליצישער ארטאדאקסיע און אויך אויסער האלב די גרעניצען פון גאליציען עס האבען אויך אנגעהויבען שטראמען קיין בעלז מאסען חסידים פון אונגערן אויף ימים טובים, שבתים און סתם אזוי אן עצה האלטען אדער נאך א ברכה.

## אונזער אנקעטע וועגען אנשלוס קראקא־פאָדגורז.

מיר בעקומען כסדר אינטערעסאנטע תשובות אויף אונזער אנקעטע, צוליעב פלאץ־מאנגעל וועלען מיר זיי דרוקען אין די נעכסטע נומערן. תשובות ווערען נאך אָנגענומען אבער זיי דארפען זיין קורץ און געגוי לוי'ן סדר פון די שאלות אין דער אנקעטע. די רעד:

דין תורה צווישען פאדגורזער קהלה־אין סקאווינער רב אויף נעכסטען זונטאג פ' משפטים איז געווען בעשטימט א דין תורה צווישען דער פאדגורזער קהלה און דעם סקאווינער רב, דאס בי"ד האט געזאלט בעשטעהען פון חירובער רב, רב פון סאנדאוואווישניע און דעם בוטשאטשער ראב"ד הג' ר' פייוויל ווילוג, אויף דעם ב"ד האבען געהאט ביידע צדדים געגעבען זייער הסכמה. אזוי ארום איז געוועזען צו האפען אז די לאנגדויערנדע מחלוקה וועט ענדליך אן ענדע נעמען.

ווי מיר דערוויסען זיך אבער האט זיך אין דער לעצטער מינוט איינער פון די צדדים צוריק געצויגען און דער דין תורה וועט איצט נישט צושטאנד קומען.

סיום־הש"ס אין פאָדגורז אין צוקער'ס ביהמ"ד אין פאדגורז איז פארגעקומען א סיום הש"ס מיט א אנשטענדיגע רייכע סעודת מצוה וואס האט זיך פארצויגען ביז שפעט אין דער נאכט. ס'זענען געוועזען די חשובסטע בע"ב פון פאדגורז ווי אויך דער רב ר' יהושע פייוועל שליט"א.

דין תורה קראקא־פאָדגורז נאך מיט 4 וואכען צוריק האט די פאדגורזער קהלה אין א בריעף צו קראקאווער קהלה ערקלערט אז פאדגורז איז גרייט צו האלטען א דין תורה מיט קראקאווער קהלה, אויך אז וועגען דער שחוטה־פראגע זענען זיי גרייט אויף פריעדליכע פערהאנדלונגען, אוודאי איז דאס לעצטן דער בעסטער וועג קראקאווער קהל האט אבער ביז איצט אויף דעם בריף גאר נישט געענטפערט.

## דאס גאנצע בי"ד אויף דער סיום הש"ס פייערונג.

נאָך דעם רב'ס דרשה אין ביהמ"ד בגי אמונה איז דער גאנצער עולם געגאנגען אין אסטאָריא אויף דער סעודת מצוה וואָס איז דאָרט געוועזען מיט א ברייטער האַנט פאָרגעבּרייט.

עס איז געקומען ממש די עלטסטע פון דער קראקאווער אָרטאָדאָקסיע מיט כמעט דאָס גאַנצע בי"ד, דער זאַקליטשינער רב, דער ניעפאלאָמיצער רב, ר' יודעל אָסטראָווצער, דער בריסקער רב א. א.

דער קראָקאווער רב האָט פערטרעָטען זיין איידעם הרב ר' צבי אייזענשטאַדט ס'זענען אויך געוועזען דער יעדליטשער רב, דיין ר' שבתי ראפאפארט, און די ראשי ישיבות ר' אלעזר פאַנצער און ר' מענדל וועקסלער.

אין בעזינדערע שטיבען זענען זיך צונויף געָקומען די צעירים און פועלים, ס'האָט געזאָגט א הדרן הרב ר' יודל אָעטראווצער.

## פריוואטע חגיגית.

אַ טייל לומדי דף יומי מיט דעם פאָרלערנער ר' מיכל גינציג בראש זענען זיך נאכ'ן רב'ס דרשה, צוזאַמענגעָקומען אויף א סעודת מצוה ביי ר' שמואל קירשבוים וועלכע עס האָבען איינגעארדענט די פלאנטשער חסידים.

אויך אין נייעם גערער שטיבעל איז געמאכט געווארען א בעזונדערע סעודת מצוה.

ס'זענען אויך פאָרגעקומען צוזאמענקונפטען און געפראוועט סעודות ביי ר' שבתי ראפאפארט און בן ציון האראוויטץ.

## התחלת הש"ס.

מאָנטאג ביי נאכט האָט די צעירי א"י פעראנשטאלטעט א פייערליכען התחלת הש"ס מיט דער בעטייליגונג פון פיעל חשובע געסט.

אויך אין פערשיעדענע שטיבלעך דערונטער אויך אין נייעם ראדאָמסקער שטיבעל האט מען אנגעהויבען איפ'ס ניי דעם דף יומי צו לערנען.

---

ער האט אנגעהויבען פיהרען תיכף נאך ר' שלומקעס פטירה יין אלול תרט"ו זייענדיג א יונגער מאן פון לערך דרייסיג יאהר.

אנפאנגס האבען א טייל חסידים אנגעהויבען פאהרען צו אנדערע איבעהויפט עלטערע רבי'ס באלד אבער האבען אנגעהויבען פוטעז קין בעלז א גרויסער עולם חסידים אין אייך סתם יודען.

דער בעלזער רב איז געוועזען א ריכטיגע פיהרער נאטור, א נעבוירענער מנהיג. מיט זיין טיפען און פאראויס זעהענדען בליק האט ער שוין דאמאלסט געזעהען אז קיינען דעם וואקסענדען כח פון חפשיות וועט די ארט. און דאס חסידות זיך נישט קענען האלטען בלויז מיט'ן אבזינדערען זיך און מיט'ן מבטל זיין די חפשיים, ער האט שוין דעמאלט איינגעזעהען אז אינ'ם קאמף קיינען דעם מאדערניזם מוז די ארט. זיך בענוצען אויך מיט מאדערנע כלי זיין אויב זי וויל נישט זיך לאזען פערדרענגען פון די חפשים.

ר' יהושיעלע זצ"ל איז געוועזען דער ערשטער וואס האט איינגעזעהען די נויטווענדיגקייט פון דער א"ט. זיך צו ארגאניזירען און בעוואפנען קיינען די פרעמדע בעוועגונגען און אירען וואס האבען זיך אנגעהויבען אומברחמנותדיג אריינרייסען אין דער יודישער מחנה גאס, ער איז אויך געוועזען דער ערשטער וואס האט אנגעהויבען בפועל ממש ארגאניזירען די ארט. אויף זיין איניציאטיווע זענען פארגעקומען די בעקאנטע קאנפערענצען אין לעמבערג ווי עס איז געגרינדעט געווארען די מחזיקי הדת. אויף זיין איניציאטיוו האט אויך אנגעהויבען ערשיינען אין לעמבערג די ארט. צייטונג מחזיקי הדת.

ווי וויכטיג ס'איז ביי אים געוועזען אזעלכע שטענדיגע ארטאדאָקסע פרעסע איז צו זעהען פוג'ם וויכטיגען בריעף וואס מיר פערעפנטליכען אין היינטיגען נומער.

וועגען זיין גרויסקייט האט אמאל ביי זיין אנוועזענהייט אין קראקא געזאגט דער ציעשינאווער רב זצ"ל.

ווי גרוים דער סאנדזער זיידע איז געוועזען אין נגלה אזא גדול איז דער שווער געוועזען אין נסתר. כל ספרי קבלה שגורים על לשונו. האט ער געזאגט.

דער בעלזער רבי האט געהאט א פריוואט ביבליאָטעק רוב כתבי ידות פון דמ"ס אין פון ר"י הקדוש. אויך די אור היקר'ס פון רמ"ק געפינען זיך אין בעלז.

אין עיונות הבושם איז פארהאן א בריעף פון סאנזער רב זצ"ל, ווי ער שרייבט וועגען ר' יהושיעל'ען „בפרט מחותני הקדוש" אין דער בעלזער רב איז נאך דאמאלסט געוועזען א יונגער מאן.

דער היינטיגער בעלזער רב האט דערציילט פאר'ן פאטער'ס וועגען, אז ער האט אמאל אזוי געזאגט, דער זיידע, דער ערשטער בעלזער רב איז געוועזען דער בן גיל פון חיד"א דאפאר האט ער זעהר מחבב געוועזען דעם חידא'ס ספרים. דער טאטע איז געוועזען דער בן־גיל פון ר' ר' הירש אלימלך האט ער מחבב געוועזען זיינע ספרים.

ער האט געפירט קנאפע פיערציג יאָהר. ער איז נסתלק געווארען כ"ג שבט תרנ"ד אין זיעבציגסטען לעבענ'ס יאהר.

ער האט איבער געלאזט קינדער א חוץ דעם שפעטער־דיגען בעלזער רב זצ"ל ר' יששכר בער, דעם סקאלער רב, דעם מאגיערעווער רב א. א.

## קורצע ידיעות פון דער וואך.

— ארשא. חנוך אין סטיטוציעס אין א"י ספעציעל די ישיבות ספּבען דורך א ורא'דיגען קריזיס.

— גענעראל קאנסול זבישעווסקי ערקלערט אז די עקאנאמישע לאגע אין א"י ספעציעל פון יודישען ישוב איז פיעל בעסער ווי אין אנדערע לענדער.

— 2 טויזענד סטודענטען האבען אין בוקארעסט געמאכט אנטיסעמיטישע דעמאנסטראציעס. די פאליציי איז שטרענג אויפגע־טרעטען געגען זיי.

— רעפ. ווישליצקי און אינז. זיידמאן זענען געוועזען ביים האנדעלס־מיניסטער פריסטאר. ער האט ערקלערט אז די רעגירונג טראכט צו פערבעסערען די שווערע לאגע פון יודישען סוחרטום.

— געוועזענער וויצע קעניג פון אינדיען לארד רידינג א יוד איז קראנק געווארען אויף אינפלוענציא.

— ס'איז שוין אנגעקומען קיין א"י א נייע ענגלישע רע־גיערונג'ס קאמיסיע.

— ס'הויבען זיך אן אויפס ניי אונטערהאנדלונגען פון דער ענגלישער רעגיערונג מיט דער יודישער אגענץ.

— אין קורצען זאל אויך אין פרעסבורג-קאשוי איינגעפיהרט ווערען צוואנג-זונטאגסרוה.

— אין דער דיאמאנט אינדוסטריע אין אנטווערפען הערשט א שטארקע דעפּרעסיע.

— רער ענדעקישער דעפ. קאזיצקי ערקלערט אז די אויס־לענדישע יודען שטיצען די פוילישע וואלט'ס פאליטיק איבער־הויפט בנוגע דייטשאלנד.

— אין אמעריקא זענען צוויי יודען בעשטימט געווארען אלס גענעראל פראקוראען, איינער פון נוי-יאָרק, דער צווייטער פון שטאט מערילאנד.

— בעת א צוזאמענשטויס צווישען ארבייטער אין פאליציי אין בוקארעסט איז דערהרגעט געווארען איין יוד.

— אין בערלין זענען פינף כוליגאנעס, וואס האבען גע־שטערט דאווענען פערורטיילט געווארען צו תפיסה אויף עטליכע מאנאט.

-- דאס פראנקפורטער געריכט האט בעפרייט א יוד וואס האט געשלאגען א היטלעריסט פאר בעליידיגען יודען.

— לויט דער לעצטער סטאטיסטיק וואוינען אין פראג אריבער 35 טויזענד יודען.

— אין פראנקרייך איז ארויס א פערבאט צו בעשעפטיגען עמיגראנטען וואס זענען געקומען אין לאנד אריין די לעצטע 7 חדשים די גזירה איז געריכטעט קייגען יודען.

---



## וואר קאלענדער

מיט היסטארישע דאטען און „יאהרצייטען.

**פרייטאג י"ט שבט.**

געשטארבען אין דוקלא הק' יעקב גושווירט תלמיד פון „חוות דעת“ תר"ח.

**שבת כ' שבט.**

געשטארבען הג' אברהם בן שושן אין קאנסטאנטינאפאל. תר"ו.

**זונטאג כ"א שבט.**

געשטארבען אין לובלין הג' יהודה ליב חנליש מח' ויגש יהודה אויפ'ן טור. שנ"ו.

אין קראקא הג' ר' יעקב קאליהארי, ברודער פון בעל „ישמח משה“. שע"ד.

הג' מהר"ם גאלאנטי. תמ"ט.

אימגעקומען אין קראקא אויף קידוש השם הק' ר' יצחק ב"ר דוד.

דער ראש הרבנים אין ירושלים הג' יהודה גבון מח' קרית מלך רב.

**מאנטאג כ"ב שבט.**

בימי שמעון הצדיק איז בטל געווארען ע"י נס די גריכישע גזירה פון צלם בהיכל.

אין ליווארנא ווערט געזאגט תפלות און פיוטים צוליעב א גרויס נס וואס איז דארט געשעהען און דערציילט פון „יד מלאכי“.

געשטארבען אין סאלאניקי רב הכולל ר' בנימן עשאל. ת"ן.

**דיענסטאג כ"ג שבט.**

די יודען האבען זיך צוזאמענגענימען מלחמה האלטען מיט שבט בנימן ע"י מעשה פלגש בגבעה.

יאהרצייט פון בעלזער רבי'ן ר' יהושע רוקח זצ"ל.

**מיטוואך כ"ד שבט.**

געשטארבען הג' שאול הלוי מורטורא אב"ד אין אמסטערדאם ת"ג.

הג' יעקב משה פאטער פון „חוות דעת“.

**דאנערשטאג כ"ה שבט.**

געשטארבען קראקאווער רב ר' ירוחם ב"ר מרדכי. תק"ב.

אין בראדי מקובל ר' מאיר העללער. דאלינער רב.

געשטארבען ר' יהודה ליב, דעם ווילנער גאון'ס זוהן. תקע"ו.

---

## א צעירים קאנפערענץ אין ווארשא.

אין ווארשא איז פארגעקומען די צווייטע לאנדעס-קאנפע-רענץ פון צעירי א"י מיט דער בעטייליגונג פון פיעל חשוב'ע אגודה פערזענליכקייטען פון אין און אויסלאנד. די קאנפערענץ איז געשטאנען אונטער'ן צייכען פון פערשטארקען דעם לימוד התורה ביי די צעירים.

---

# אסתר המלכה

היסטארישע ערצעהלונג. געשריבען ספעציעל פאר „דאס ליכט". פון עתניאל

פערטע פארטזעצונג

אסתר׳ס פרייד איז געווען אין לשער, א רעטער אין דער נויט. וואו זי האט געקענט האט זי מיטז געווען דעם קנעכט די ביטערע לאגע אירע, דער קנעכט האט אין א דייטשיפוילישער מישונג איר געוויזען מיט אים צוזאמען אנצונעמען דעם פאטער און אים אוועקצופירען פון דאנען.

דער קנעכט איז געגאנגען פאראויס. זיי האבען אפגעבויגען פון וועג א דורך א ביסעל קושאקעס און פאר אסתר׳ס אויג האט זיך ענטפלעקט א הויף, געוויס שטיינער׳ן געביידע וואס האט זיך געבארען אין א ים פון ליכט, צו וועמען געהערט דאס שלאס? פרעגט אסתר בעשיידען. דעם פאן יאן! רוימט איר אן אין אויער ארייין דער קנעכט ווי עפעס א שרעקליכען סוד „אויך איך געהער דעם פאן, בין זיין אייגענטום".

א שוידער האט א דורכגענומען דעם גאנצען קערפער אסתר׳ס איר גאנצער לייב האט געציטערט, דהייסט עס אריינגעפאלען אין דער לייבען גרוב! וואס איצט טהון? אנטלויפען? רעטען זיך אין וואס וועט זיין מיט דעם טאטען מען מוז דאך אים קודם כל ראטעווען, דער קנעכט האט בעמערקט איר צענער׳ן האט פארשטאנען איר מורא און איר איינגעווימט שטיל רחמנות׳דיג איך וועל ענק באהאלטען אין די שטאלעז לאמיר נאר רעטען דעם טאטען מען וועט שוין אן עצה געפינען, דא אבער איז דער אלטער זיכער פערלוירען.

צוטערנדיג מיט דעם גאנצען קערפער איז אסתר א דורך דעם טויער פון שלאס פון בלוטיגען יאן.

קיין אנטיסעמיטיזם איז דעמאלסט אין פוילען נישט געווען, דאס קריסטענטום איז דא געווען נאך יונג, די מאכט פון די גלחים שוואך און די יודען האבען געשמ׳ט אלס קלוגע טיכטיגע און גיטע מענשען. דער המון וואס איז בעשטאנען בלויז פון פארפיסטע קנעכט וואס זענען געווען דעם פריץ׳ס אייגענטום גלייך ווי זיינע בהמות — האט שטארק געפילט אויף זיינע פלייצעס דעם עול פון קנעכטשאפט און נישט געפילט צום יוד קיין שום שנאה. פארקערט זיי האבען צום יוד אלס צו א פרייען מענשען געהאט א געפיל פון אכטונג. קיין בירגערטום וואס זאל זעהען אינם יודען דעם קאנקורענט איז דאמאלסט נישט געוועזען אין פוילעז א חוץ אין קראקא וואו עס איז געוועזען א קליינער אנהויב פון א קריסטליך בירגערטום.

די פריצים פון יענער צייט האבען אבער פיינט געהאט צו זעהען א מענש נישט פונ׳ם אדעל — אלס א פרייען מענשעז. דאס קען שלעכט ווירקען אויף דער פסיכע פון די פויערים־קנעכט, אייך האבען די פריצים געזעהען אינ׳ם אנקימען פון פיעל אויס לענדער־יודען קיין פוילען א פארשטארקונג פון די מאכט פונ׳ם קעניג. די פרעמד׳ע זענען דאך אריינגעקומען אין לאנד מיט׳ן חסד פון קעניג און זענען געשטאנען דירעקט אונטער׳ן שי׳ץ פון קעניג, די פארשטארקונג פון דער קעניג מאכט איז אבער געוועזען א דארן אין אויג פון מאנכע פריצים ווייל דאס האט באדייט אן אבשוואכונג פון די פריצים. דורך די אלע טעמים זענען די פריצים זעהר נישט צופריעדען געוועזען פונ׳ם קעניג׳ס אויפרוף צו די יודען צו קומען קיין פוילען.

דער פריץ יאן איז חוץ דעם געוועזען א שרעקליכער מענש זיינע מענשעז האבען אויף אים געזאגט, אז ביי אים איז סינו׳עססטע־פערגניגעז צו זעהען פייניגען מענשען. ער איז געוועזען זעהר בערוישט פונ׳ם גרויסען פערמעגען און דער גרויסער מאכט וואס ער האט נאך אלס גאר יונגער מענש געירש׳ט פון פאטער. ער איז נאך געוועזען גאר יונג ווען ער איז .פליצים געווארען בעה״ב איבער פיעל טויזענדער נפשות. ער האט געדארפט האבען מענשען וואס זאלען אים אפט אויס מוס־יען און אים אויפמערקזאם מאכען אויף זיינע שלעכטע מעשים. צום סוף האבען זיך באלד געפונען ארום אים גאנצע מחנות שמייכלער וואס האבען, ווילענדיג ביי אים נושא חן זיין, אים כסדר אונטער געחנפעט, יעדע נארישקייט פון אים האבען זיי אויפגעלויבט פאר א חכמה און יעדע געמיינקייט זיינע האבען זיי געלויבט גאר פאר א שעהנע עובדא.

זעהר אפט האט ער געמאכט אין זיין פאלאץ גרויסע הולאנקעס צו וועלכע ער האט איינגעלאדען פיעלע פריצים פון ארום. מ׳האט זיך געלאזט וואו׳לגעהען מיט פערשיעדענע אלטע ווייגען און גוטען טאקאיער דאן פלעגט מען ביי געלעגענהייט אויך נישט קארגען קיין שירים ותשבחות פאר דעם בעה״ב דעם פריץ יאן וואלאסטינסקי.

אויך די נאכט ווען ר׳ יהושע מיט זיין טאכטער האבען זיך אויס בעהאדטען אינ׳ם פאלאץ פון דעם גרויזמען פריץ איז ביי אים גראד פארגעקומען איינע פון די געווענליכע הולאנקעס.

יא! ס׳איז א חרפה פאר גאנץ פוילען! שרייט אויס איינער פון די חשובס׳טע פריצים, אלע יונגערע פריצים האבען באלד מסכים געוועזען „ס׳קען אזוי ווייטער נישט זיין" מיר טארען זיך נישט לאזען. — הערען זיך געשרייען פון אלע זייטען.

וואס? ריפט זיך אפ דער בעה״ב דער פריץ יאן וואלאסטינסקי.

א טויטע שטילקייט האט באלד בעהערשט דעם גאנצען זאל. אלע אויגען זענען געווענדעט צום אויבען אן, צום ארט ווי ס׳זיצט דער מעכטיגער און רייכער פריץ.

וואס? האט ער געדינערט מיט א פעסטער שטים. מיר דער אדעל פון פוילען, מיר טארען עס בשום אופן נישט דערלאזען. מיר זענען די הערשער פון פוילען און אזוי מוז עס ווייטער זיין ביז אייביג, מיר טארען נישט דערלאזען מ׳זאל אונז בעהאנדלען ווי קנעכט אדער נאר ווי מיר וואלטען געוועזען יודען.

ס׳איז שטיל ארום. יעדער איז אינטער׳ן איינדרוק פון דעם קריעגערישען פריץ׳ס רעדע.

ניין! אונטערבריכט די שטילקייט דער גלח פראנציסקוס וואס איז אהערגעקומען פון נאהנטען קלויסטער אין וועלכער איז שוין געוועזען אביסעל אונטער׳ן איינדרוק פונ׳ם „שאמפאניער" וועלכען ער האט געהאט שוין געטרינקען אביסעלע צופיעל.

ניין! עדלער הער! איר האט א טעות נישט מ׳וויל אונז בעהאנדלען ווי יודען. אז ס׳וועט אזוי ווייטער געהען וועט אונז קעניג קאזימיר נאך מאכען פאר משרתים ביי די יודען.

איר רעדט שוין נארישקייטען — רופט זיך אפ דער פריץ יאן. וואס? מיר דער אדעל פון פוילען וועלען מיר זיין עבדים ביי די יודען?

(פארטזעצונג פאלגט)

# א וויכטיג היסטאריש דאקומענט.

## א וויכטיגער בריעף פון בעלזער רבי'ן זצ"ל.

מיר גיעבען דא פאר אונזערע לעזער א גאר וויכטיגען בריעף פון בעלזער רב ר' יהושע'לע זצ"ל, וועלכער איז א זעהר וויכטיג היסטאריש דאקומענט. דעם בריעף האט דער בעלזער רב מיטגעגעבען ר' מרדכי פעלץ אין א וויכטיג שליחות צו די רבי'ס אין רוסלאנד און אין פוילען. ס'איז אונז געלונגען צו בעקומען א קאפיע פונ'ם כת"י פון דאזיגען בריעף, וועלכער איז נאך קיינמאהל נישט געוועזען געדרוקט. ס'איז א העתקה נאמנה אות באות פונ'ם אריגינאל.

די רעד.

רב ברכות ושלום אין קץ אל כבוד שלומי אמוני ישראל המחזיקים בתורת ד' כאו"א בשמו יבורך בכל אתר ואתר במדינת רוסיא ופולין דע"י יצ"ו.

באתי לבקש מאת כל אוהבי תורה ומציה לחזק את ציר נאמן מוכ"ז וליקח חבל בעלה (געמיינט די מחזיקי-הדת-צייטונג אין לעמבערג. רעד.) היוצא לאור בלבוב מתחת יד ח"ק „מחזיקי הדת“, כי בעזה"י יצמח טובות גדולות לישראל מזה. גם אם ימצא אנשים אשר לא ידעו ולא יבינו הטובות יסמכו עלי, כי תקוה להשי"ת שיטיב לנו באמצעותה רק לא אוכל להעלות זאת על הכתב. ומה טוב הי' אשר גדולי ישראל המפורסמים מפולין ומרוסיא יתנו מכתבים לאנ"ש למלאות בקשתי כי טיבות ישראל במקום אחד הוא טובת כלל ישראל וטובתינו טובתם הם ובטובתם בעזה"י יוטב גם לנו. נא ונא ליתן מקום לדברי אלה הנאמרים באמת.

דברי המצפה להרמת קרן ישראל

הק' יהושע מבעלזא.

די בעדייטונג פון דעם בריעף פאר דער אידעע פון דער ארגאניזירונג פון דער ארטאדאקסיע, וועלען מיר בעז"ה נאך באריכות בעהאנדלען. מיר ווילען נור דא פעסטשטעלען, אז שוין דאמאלסט, האט דער בעלזער רב זצ"ל בעטאנט די וויכטיגקייט פון אן ארטאדאקסיש'ר פרעסע און אז אינם קאמף מיט די חפשיים איז סדנא דארעה חד הוא. מ'מוז קעמפען מיט געמיינזאמע כחות און אז די פערשטארקונג פון דער ארטאדאקסיע אין איין ארט (טובות ישראל במקום אחד) איז גלייכצייטיג א פערשטארקונג פון יודישקייט בכלל אין דער גאנצע וועלט.

---

**שמואל פיש**
בן החי' ר' ישראל
קראקא

**הילא ראנד**
בת החי' ר' ליב
באלעכאוו

ארוסים

בח"ש שבט תרצ"א.

---

ברכת מז"ט חמה לכבוד ידידי הח' ר' **ישראל פיש** נ"י לרגלי ארוסת בנו המופלג **שמואל**. יזכה לראות ממני רב נחת.

נחום מאיר העללער.

---

מעומק לב הרינו מברך את ידידי הח' ר' **ישראל פיש** נ"י בברכת גדא טבא לארוסת בנו היקר החתן כמר **שמואל** נ"י. יהא רעווא שהזיווג יעלה יפה יפה.

ידידו: אברהם ישראל מרקוס.

---

ברכתי הכי חמות לכב"ד ידידי הח' ר' **ישראל פיש** ולבנו הבחור המופלג בתו"י **שמואל** לארושיו. ידידם אהרן האיינשטיין.

---

לרעי היקר כמר **שמואל פיש** נ"י, הרינו מגיש את ברכתי ברכת מז"ט לארושיו.

ידידו וחברו דוד משה מרקוס.

---

לארושי הב' הנחמד כמר **שמואל פיש** מז"ט חמה ולבבית

מאת

יעקב וויינגארטען.

---

גם אני בין המברכים

וואלף פלוהר.

---

ברכת מז"ט חמה הרינו מגישים להב' המופלג **שמואל פיש** לארושיו.

יוסף ופנחס וואלף.

---

גם אני בין המברכים

אברהם יעקב מאנדעלבוים.

---



---

כוס תנחומים הרינו מגושים בזה לכבוד חברנו הנכבד הב' **יעקב שטיעל** נ"י, למות עליו אמו היקרה ינחמהו ד' בכפלים.

פועלי א"י קראקא

ביבליאטעק-קאמיס'ע אצל פועלי א"י.

---

ינחמך ד' בתוך שאר אבלי ציון וירושלים ובל תוסיף לדאבה עוד.

ידידך

זאב יהודא הלוי.

---

חברנו! לאסון הנורא שקרה אותך במות עליך אמך היקרה הרינו מנחמים אותך מקרב לב.

חבריך

יעקב ישראל שטערנשים

מענדעל מארך

אברהם מונדשטאק.

---

ב"ב קרוע ומורתח הנני משתתף בצערו של חברי מר **יעקב שטיעל** נ"י, למית עלו אמו נ"ע. המקום ינחם אותו בתוך שאר אבלי ציון וירושלים. אברהם הכהן פלאקס וויעליטשקא.

---




פאר'ן אינהאלט פון די אנאנסען איבערהויפט בנוגע כשרות איז די אדמ. נישט פעראנטווארטליך.

אבאנאמענט'ס פרייז:
א חדש 80 גר. א קווארטאל 2·40, א יאהר 9 זל.
אויסלאנד א יאהר אנדערטהאלב דאלאר.

מאנוסקריפטען ווערען נישט צוריקגעשיקט. ביי אנפראגע אויף תשובה דורך דער פאסט דארף בייגעלעגט ווערען מארקען אויף תשובה

אנאנסען פרייז: פאר א מיליסעטער שורה אויף דער לעטצטער זייט 30 אין טעקסט און אויף דער ערשטער זייט 50 גר. דער עמוד געטיילט אין 4 שפאלטען גראטולאציעס א פעטיט-שורה 50 גר. די קלענסטע 2 זל

Wydawca: Za wydawnictwo „Jawne“ i red. odp. W L. Urbach. — Drukarnia M. Lenkowicza, Kraków, Meiselsa 4.